# דער

# פאלשער פעטער

## איין כאראקטעריסטישער בילד פון אידעשען לעבען אין רוססלאנד .

מאת נדהם ב"ת.

הזכות נמכר לצמיתות לר' אברהם צבי שווינצאנער מו"ס בווילנא





ווילנא

שנת תר"מ לפ"ק

ФАЛШЕРЪ ФЕТЕРЪ

Фальшивый дядя. Соч. Н. Гофманъ,

изд. А. Г. Швинцанера.

ВИЛЬНА. Въ типографіи Л. Л. Маца,

на Квасномъ переулкѣ, д. Кисина

№ 1195/6 1880 г.

1.

דיא נאכט מיט איר שווארצען שלייער האט דיא גאנצע שטאט ב. פארדעקט, אללע איינוואהנער זיינען שוין פון לאנג אויף זייערע בעטין געלעגין אונ ווארין אין אטיפען שלומער פארזונקען, אללע גאסין ווארין פוסט אונ אלע טויערין פארמאכט, דיא מאנד (לבנה) מיט אירע פינקעלדיגע שטראהלין האבין אבלאסין בלאסק אויף דיא טויערין געווארפען אונ אשרעקליכע שטילע האט אומאונטערבראכען געהערשט, איין הויז וואס איז אין די שענסטע אונ פארנעמסטע גאס געשטאנען האט גרויס אויפמערקזאם גימאכט, דען אללע פענסטערין ווארין פון פיל ליכט אונ לאמפען פארלויכטין, יעדער איינציגער האט גרינג גיקענט פארשטייען דאס אין דיעזע הויז האט אגרויסער גביר גיוואהנט וואס מיר וועלין אים פון דעם מאל רופען ר׳ טודרוס. דער שטאט זייגער האט עלף אין דער נאכט גישלאגען אונ דר ווינט וואס האט ביז אהער גישטורעמט האט זיך אויך אפ געשטעלט, פלעצליך האט דער גערויש פון אקארעטע וואס איז אויפין הארטין ברוק גילאפין געשפאנט אין צוויא טייערע פערד, דיא שרעקליכע שטיללע צערשטערט. אין איניגע מינוטען ארום האט זיך דיא קארעטע נעבין טיר פון ר׳ טודרס׳עס הויז אפ גישטעלט, אונ פון איר איז אמיטעליעהריגער מענטש ארויס געשפרונגען נאך אים איונגע דאמע איין געוויקעלט אין אסאמעט פעלץ דיזען מענטשין פארן האנט האלטענדיג, צום ערשטען קלונג פון גלעקיל וואס דיזער מענטש האט גיגעבין וואס ער אליין וואר דער בעל הבית ר׳ טודרוס, האט זיך דיא טיר גיעפינט אונ ער מיט דיא יונגע דאמע זיינען אין שטוב אריין.

„גוט נאבענד! מיין טייער ווייב! האט ר׳ טודרוס צו אמיטעל-יעהריגע פרויענצימער גיזאגט אריין גייענדיג אין פארערשטוב וועהרענד זיא וואר מיט אווייסען פארטוך באהאנגען אונ צוויא לייכטערס מיט ליכט האט זיא אין דיא הענט גיהאלטען, וואס מאכסטו מיין ליעבע

ווייב

וַוייבּ? וועה איך הָאבּ דיר גיבְּרַאכְט דַיין זְעלִיגע שְׁוֶועסְטֶערְס טָאכְטֶער, אָבֶּער זיא איז לֵיידֶער קְרַאנְק, איך הָאף אַז דָא וועט זיא גיזוּנְד ווערִין אונ וועט זיך קֶענֶען אירֶע פַּארְמַאטֶערְטֶע גְלִידֶער אויס רוּהֶען וָואס זיא הָאט נֶעבִּיךְ קַיין מְנוּחָה ניט גיהַאט פון דֶעם טָאג אָן וָואס איר מוּטֶער איז גִישְׁטָארְבֶּען, אַלְזָא לִיבֶּע פְרויא מַאךְ פַאר איר לֵיידִיג אַבַּאזוּנְדֶערִין צִימֶער אויפִין צְווייטֶען עֶטַאז אונ הַייס גְלַייךְ פַאר איר דֶעם טֵייא מַאשִׁין אָנְשְׁטֶעלִין אום זיא זָאל זיך עֶטְוָואס דֶערְוַוארֶעמֶען. —

טַייעֶרֶער לֶעזֶער! גֶעוִויס וֶועסְטוּא וועלִין וויסֶען ווער איז ר' טודרוס? ווער איז זַיין פְרויא אונ ווער אונ פון וַואנֶען איז דָאס מֶעדְכֶען וָואס ער הָאט גֶעבְּרַאכְט זיא זָאל בַּייא אים אִין שְׁטוּבּ פַארְבְּלֵייבֶּען, איך זָאג דיר צוּא דָאס מִיט דֶער צַייט וֶועסְטוּא דָאס אַלֶעס וויסֶען, דֶען דוּא בְּרויכְסְט עס צוּא וויסֶען, נָאר בֶּעפָאהר איך וועל דיר מִיט זֵייא אַלֶעמֶען בַּאקַאנְט מַאכִין מוּסְטוּא זיך מַטְרִיחַ זַיין, עס קֶען זַיין אַז דוּא בִּינְסְט פִיל עֶלְטֶער פַאר מִיר אונ מִיט מִיר מִיט גַיין אִין דֶעם צִימֶער וואוּ דָאס מֶעדְכֶען וָואהנְט, אונ צוּהֶערִין דֶעם גִישְׁפְּרֶעךְ וָואס ר' טודרעס'עס וַוייבּ פְּלֶעגְט מִיט איר אַלֶע טָאג מַאכִין אַלְס זיא פְּלֶעגְט איר בַּאזוּכֶען. —

„אֶסְתֵּר! (דֶען אַזוֹיא הָאט דָאס מֶעדְכֶען גִיהֵייסֶען) הָאט ר' טודרוס'עס פְרויא צוּא איר מִיט אַשְׁטַארְקֶע שְׁטִימֶע גִיזָאגְט, אסתר וויא לַאנְג נָאךְ וֶועסְטוּא אַזוֹיא הַארְטְנֶעקִיג זַיין? וויא לַאנְג נָאךְ וֶועסְטוּ אָנְמַאכֶען דַיין מוּמֶען אונ פֶּעטֶער אַזֶעלְכֶע טויט שְׁבִרַת הַלֵּב? וָואס מִיר זוּכִין דיר גְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכֶען, פַאר וָואס זָאלְסְטוּא דָאס נְחוּמֶ'ען ניט לִיבֶּען? ער לִיעבְּט דָאךְ דִיךְ זֵייעֶר שְׁטַארְק, ער וויל דָאךְ דיר נֶעמֶען וויא דוּא שְׁטֵייסְט אונ גֵייסְט, צוּא הָאסְטוּא פֶערְגֶעסִין אסתר אַז נחום איז בַּייא אוּנְז אַבֵּן יָחִיד? אַטַייעֶרֶער אונ אַלִיבֶּער קִינְד וָואס אוּנְזֶער גַאנְצֶער הָאבּ אונ גוּטְס נָאךְ אוּנְזֶער טויט וועט צוּ אִים גִיהֶערִין וָואס וועט דיר פֶעלִין אַז דוּא וָואלְסְט מִיט נחומען חֲתוּנָה הָאבִּין, דוּא וָואלְסְט דָאךְ אַפַארְזָארְגְטֶע אונ אַגְלִיקְלִיכֶע אויף אֵייבִּיג זַיין! איך מוּז דיר אֶפֶענְטְלִיךְ זָאגֶען אסתר אַז דוּא וֶועסְט וַוייטֶער אַזוֹיא הַארְטְנֶעקִיג אונ אֵייגֶענְזִינִיג בְּלַייבִּין וֶועסְטוּא אַשְׁלֶעכְטִין סוֹף הָאבִּין, דוּא וֶועסְט פון

אונזערע

אונזערע הענט ניט ענטקומען, דוא וועסט דא בלייבין פארשלאגין אין שטיבעל ביז עס וועט פון דיר אסוף ווערין אונ דעם גאנצין פארמעגינס וואס דיין מוטער האט גילאזען וועט אין אונזערע הענט פאלען, אלזא אסתר ווען דיין יונגער לעבין איז דיר ליעב זאלסטוא אונזער זוהן נחומען דיא האנט געבין אז דוא וועסט אים ליבען אונ וועסט אים פאר אמאן נעמען.

„ניין, האט זיך אסתר אפגערופען מיט אשמערצליכע שטימע, ניין טאנטע דאס וועט ניט גישעהן! מיט אייער נידער טרעכטיגען אונ העסליכען זוהן זאל איך מיין לעבין פארברענגען? ניין! בעסער אויף דער וועלט ניט צווא לעבין! איידער אנצוקומען צו אזא מאן! בעסער וועל איך אין מיינע יונגע יאהרין שטארבין! איך בעט אייך טאנטע איר זאלט נאך אמאל מיר דער פון ניט ערמאנערין, דען אלע אייערע מיה אונ רייד זיינען גאנץ אומזונסט!..." דיא אלטע איז שטארק אין כעס גיווארין אלס זיא האט דיזע רייד ערהערט, זיא האט זיך האסטיג אויף גיהויבין אונ געבענדיג אגרויסען קלאפ די טיר איז זיא ארויס גיגאנגען.

איינזאם אונ עלענד איז אסתר זיצען געבליבען פארזונקען אונ פאר טרונקען אין שרעקליכע טיפע געדאנקען, דיא אברים האבין איר פון שרעק גציטערט, אונ דאס שיינע אונ צארטעס געזיכט איז העכסט בלאס גיווארין. „אה! האט זיא צו זיך גיזאגט"— אה! פיל קימער אונ ליידענשאפט ערווארטין מיר אין מיין צוקונפט! אה וויא אנטלויפט מען פון דאנען? אונ וואו לויפט מען? אה! איך וויים זייערע אלע גידאנקען! זייא מיינען אז זייא וועלין מיר אזויא לאנג דריקען אונ מאטערין ביז איך וועל איינשטימען נחומען צו נעמען, אונ מיין מוטערס גרויסע ירושה אין זייערע הענט לאזען פאלין! ניין, דאס וועל איך ניט צולאזען! אזוי איין אויסגילאסענעם אונ זיטענלאזען יונג וועל איך ניט ליבען! בעסער וועל איך אין זייערע בארבארישע הענט אומקומען! בעסער וועל איך יונגערהייד פון דער וועלט גיין!... אונ דאס ריידענדיג האט זיא יאמערליך אנגיהייבען צו ווינען, אונ פון גרויס הארצברעך אונ קימער איז זיא אין אומאכט גיבליבען. —

דיא גרויסע תשוקה צו געלט אונ צו כבוד וואס איז אין מענשין

גיפלאנצט

גיפלאנצט, האט פיל שאדען אונ פארוויררונג (פארוויסטונג) אין מענשען געשלעכט (מין האנושי) גימאכט! געלט לוסט אונ כבוד זיינען צווייא לאנגע אונ ברייטע נעטצען וואס חאפין פיל אומשולדיגע מענטשין אונ שלעפין זייא ביז דעם טיפען אפגרונט פון אומגליק אונ ליידענשאפט! דער מענטש ווערט בייא דיא צווייא שרעקליכע שונאים פארקויפט מיט לייב אונ מיט לעבין ביז ער ווערט אויף אייביג פארפאלין! דיזע צווייא רייסענדע אונ בלוטדארשטיגע ווילדע חיות שטייען אויף אלע וועגין אונ שטעגין אונ לויערין מיט גרויס צארין אויף דעם אומשולדיגען מענטשין צו בפאלען אונ זיין בלוט אויסצוטרינקען! — אונזער ר' טודרוס איז ענדליך אויך באצוואנגען גיווארין אין דיזע גיפעהרליכע נעטצין וואס זייא האבין צוזאמען מיטגעשלעפט זיין עהרליכקייט, זיין סאוועסט אונ אלע זיינע גוטע זיטען (מידות). דיזער ר' טודרוס כל זמן זיין הצלחה האט גיגלענצט אונ זיינע קעשענעס וואַרין מיט רענדלאך אונ אימפעריאלען געשטאפט, וואר זיין עהרליכער נאמען אונ זיין גרויסער כבוד בייא אלעמען גישעצט אונ גיעהרט, אלע עצות אלע סאוועטען וואס זיינען אין שטאט פארגיקומען, וואר בייא ר' טודרוסען גיפרעגט, ער האט פון אלעם גימוזט וויסען אונ פון אלעם איז בייא אים גירעט גיווארען, אן ר' טודרוס'ן וואר קיין זאך אין קהל'שע אינטערעסין גיטאן גיווארען אונ אן זיין דעה איז קיין זאך ניט גיענדיגט גיווארין, ר' טודרוס איז אין אלע חברות פארשריבען גיוועזין אונ אין אלע אסיפות גירופען גיווארין, קורץ ר' טודרוס איז דער ערשטער גביר, דער ערשטער בעל צדקה אונ דער ערשטער בעל טובה אין דער שטאט ב. גיוועזין, יעדערער האט זיך גיוואונטשען אין זיין שטאנד צו שטייען אונ זיין גרויסען כבוד צו האבין, אבער אלס מען האט זיך אנגיהייבען אין שטאט צוא ערוויסען אז ר' טודרוסעס מסחרים האבין אויפגיהערט אזוי צו גלאנצין, אלס ער האט שוין אנגיהייבין הלוואות צוא מאכין אויף גרויסע פראצענט אונ אלס עס האט זיך אנגיהייבען צוהערין אז ר' טודרוס האט שוין איינינע סוחרים אן גיזעצט ביז ער איז ענדליך אגרויסער יורד ר"ל גיווארין, האט מען שוין אונזער ר' טודרוס'ן אנגיהייבין אביסעל ניט צו טרויען, מען האט אנגיהייבין בסליכוויים זיך אפ צוא

ציהען

ציהען פון זײנע געשעפטין, מען האט אויפגיהערט בייא אים עצות צוא פרעגין דען א אָרעמאן איז אנאר אויך, אים צו אסיפות צו רופען אונ אקלענערע עליה אים אין שול צוא געבין, ביז דער אָרעמער ר׳ טודרוס איז ענדליך בארויבט גיוואָרען אין גאנצין פון זיין כבוד, פון זיין שיינעם נאמען אונ פון זיין גרויסען בארוף, דען ער איז ווירקליך אגרויסער אביון גיוואָרען, פארשטייט זיך אז דיזער גרויסער קראך אין ר׳ טודרוס׳עס הויז האט אויף אים אגרויסען איינדרוק גימאכט, ער האט זיין געלט, זיין כבוד, זיין נאמען אונ אלע זיינע גוטע פריינד אנגיוואָרין ער איז פון גרויסע שאנד אונ פארדרוס וויא אצומישטער אומגיגאנגען, ער האט זיך גאר קיין עצה ניט גיקענט געבין וויא זיין ביטערין צוא שטאנד צו פארבעסערין אונ צו זיין כבוד צוריק צוקומען, דיא אלע געשפרעכין וואס זיינען פארגיקומען צווישען אים מיט זיין פרויא וואר נאר וועגין זיין שלעכטין אינהאלט אונ וויא אזוי צוריק צו געלט צוא קומען, אבער אלע זייערע פלענער אונ עצות וואָרען גאנץ אומזונסט דיא בעלי חובות האבין אנגיהייבין זיך מיט ר׳ טודרוס׳ן עפטער צו זעהן אונ דער דלת האט זיך בייא אים אין שטוב אויבין אן באזעצט, אבער פון הילף וואר ווייטלויפיג! . —

נון איז אמאל צו ר׳ טודרוס׳ן אבריעף גיקומען דאס זיין ווייבס שוועסטער וואס וואהנט אין ל. איז פלעצליך געשטארבין, אונ איר גרויסען פאר מעגינס האט זיא פאר איר איינציגע טאכטער איבער געלאזין, דיזע טרויעריגע בשורה האט אין ר׳ טודרוס׳ן אונ אין זיין פרויא נייע האפענונג אריין גיבלאזען, אונ מען איז גלייך אויף אפלאן גיפאלען דאס דורך אסתר׳ן אונ איר גרויסע ירושה קען זייער הויז צוריק פארפערטיגט אונ הינגעשטעלט ווערין, דען אסתר איז דאך איתומה אן אפאטער אונ אן אמוטער געבליבען, אונ דיא נעהענסטע פריינד אירע זיינען דאך נאר ר׳ טודרוס מיט זיין פרויא, אלזא האט מען ניט פיל גיטראכט אונ מען האט דיא עלענדע שיינע אסתר׳ן אין זייער שטוב אריין געבראכט אוים צוא פירען דורך איר זייערע אלע גידאנקען אום צוריק בייא זייער כבוד אונ גדולה צו קומען. —

דיא

דיא אײדעלע אונ אומשולדיגע אסתר האט גאר ניט געוואוסט דאס איר פעטער גראבט פאר איר אטיפע גרוב העכסט אומגליקליך איר צו מאכען, זיא האט גאר ניט פאר שטאנען דאס איר פעטערס קומען אין ל. איר אפ צו נעמען צוא זיך אין שטוב אונ איר צו טרייסטין פון איר טובה וועגין אונ פון זיין ליבשאפט צוא איר, נאר בלויז צוליעב זיין אײגענע טובה דורך דעם זיך כבוד אונ רייכקייט צוריק זיך צוא ערווערבין, אלזא האט זיך דיא עלענדע אסתר גילאזט אנריידען מיט צו פארען מיט דיא גרעסטע צופרידענהייט אונ דאנקבארקייט. —



2.

אין דיא פארנעמסטע גאס אין ל. שטייט זייער אפרעכטיגער מויער מיט פיעל פענסטערין פון אלע זייטען, אונ אבוואהל דיזער מויער איז שוין שטארק אלט אונ פארצייטיג געבויט, יעדאך איז ער נאך זייער שיין אונ גלענצענד, דר גרויסער אונ ווייסער שילט (וויוועסטקא) וואס היינגט איבערן טיער, אונ דיא פיעל קינדער וואס זעהען זיך דורך דיא פענסטער אויף ביינק זיצענדיג, זאגין עדות אז דיזע הויז איז ניט קיין פארעוואט הויז, זונדערין איין עפענטליכע שול קינדר פון פארשיידענע קלאסען צו לערנען, אונ זייא אין פארשיידענע קענטניסע אונטער צו ריכטען, ענדליך האט זיך אויפן אויבער טורעם פון דיזע שול קלינגענדיג מיט אגלאק גיהערט, צום צייכען דיא קינדער זאלען צו הויז גיין, דיא טירען פון דיזע שול אדער בעסער צוא זאגען פון גימנאזיום האבין זיך גיעפינט אונ הונדערטער קינדער פון פארשיידענע נאציאנען אונ פון פארשיידענע יאהרען זיינען ארויס גילאפען אונ האבען דיא גאנצע גאס פאר פלייצט, אונ יעדערער איז זיך אין זיין היים גיגאנגען, אז אלע שילערן זיינען שוין לאנג אין זייערע וואהנונגען גיוועזין, איז אם ענדע ארויס פון גימנאזיום איונגער שילער, שיין פון געוויקס, מיט שווארץ גיגרייזעלטע האר אונ מיט שווארצע פינקעלדיגע אויגען, ער האט אויך זייער איינצעלט דעם גימנאזיום פארלאזען אונ איז מיט האסטיגע טריט אוועק, אלס ער איז ביין

וינקעל

ווִינְקֶעל גַאס גִיקוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ אָפּ גִישְׁטֶעלְט נֶעבֶּען אַקְלֵיינֶע הַייזֶעל אוּנ הָאט זַיינֶע בְּלִיקֶען אוֹיף דֶעם פֶּענְסְטֶער וָואס אִיז גֶעגֶען גַאס גִיוֶועזִין אָנְגֶערִיכְט, מֶען הָאט פוּן אִים גְרִינְג גִיקֶענְט פַאר שְׁטֵיין אַז עֶר וַוארְט עֶפֶּעס אוֹיף וֶועמֶען מֶען זָאל. פוּן דִיעזֶע שְׁטִיבֶּעל אַרוֹיס עֶנְדְלִיךְ אִיז דֶער יוּנְגֶער שִׁילְלֶער אִין פָּארֶער שְׁטוּבּ אַרַיין אוּנ הָאט מִיט אַגְלֶעקִיל אָן גֶעקְלוּנְגֶען, אַיוּנְגֶעס שֵׁיינֶעס מֶעדְכֶען אִיז אִיהם אַנְטְקֶעגִין אַרוֹיס זִיא הָאט אִים פְרַיינְדְלִיךְ גֶעגְרִיעסְט, אוּנ אָן נֶעמֶענְדִיג אִיהם פַארֶען הַאנְט הָאט זִיא אִיהם אִין שְׁטוּבּ אַרַיין גֶעפִיהְרְט, אַלְס עֶר אִיז אִין שְׁטוּבּ אַרַיין, הָאט עֶר דִיא מֶעדְכֶענְס מוּטֶטֶער גֶעגְרִיעסְט אוּנ הָאט זִיךְ לֶעבִּין אִיהר גֶעזֶעצְט, מֶען הָאט אָנְגִיפַאנְגֶען זַייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ וֶועגִין פַאר שֵׁיידֶענֶע זַאכֶען צוּא רֵיידֶען, אוּנ אַזוֹי הָאט מֶען זִיךְ אוּנְטֶערְהַאלְטֶען בִּיז שְׁפֶּעט אַם אַבֶענְד. —

דֶער יוּנְגֶער גִימְנַאזִיסְט אוּנ דָאס וואוּנְדֶער שֵׁיינֶעס מֶעדְכֶען, וָואס פוּן הַיינְט מָאל אָן וֶועלִין מִיר זֵייא רוּפֶען מִיט דֶעם נָאמֶען אַרֶענְהָאלְד אוּנ אֶסְתֵּר, דִיזֶע צְוֵוייא פְּלֶעגִין זִיךְ שְׁטֶענְדִיג בַּאשֶׁעפְּטִיגֶן אִין אֵיינֶעם מִיט שְׁרַייבֶּען אוּנ לֶעזֶען, אוּנ פְּלֶעגֶען אוֹיךְ בֵּיידֶע אַרוֹיס גֵיין שְׁפַּאצִירֶען צוּא גֶענִיסֶען פְרִיעשֶׁען לוּפְט אוּנ פַאר גֶענִיגֶענְד זִיךְ צוּא נֶעמֶען פוּן דֶעם שֵׁיינֶעם נַאטוּר, וָואס הֶערְשְׁט אִין דִיא לִיבְּלִיכֶע פְרִילִינְגְס טֶעג, אַזוֹי אִיז ארנהאלד מִיט אסתר'ן אִין אֵייבִּיגֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט פַאר בּוּנְדֶען גִיוָוארֶען, אוּנ הָאבִּין זִיךְ דִיא הֶענְט גִיגֶעבֶּען אֵייבִּיג זִיךְ נִיט צוּא שֵׁיידֶען, ארנהאלד'ס עֶלְטֶערִין אוּנ אסתר'ס מוּטֶטֶער זַיינֶען פוּן דִיעזֶען לִיעבֶּענְס בּוּנְד זֵייעֶר צוּ פְרִידֶען גִיוֶועזִין אוּנ הָאבִּין זִיךְ זֵייעֶר גִיפְרֵייט מִיט דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען צוּא בַּאנְד אוּנ לִיעבְּשַׁאפְט וָואס עֶקְסֶעסְטִיעְרְט צְווִישֶׁען דִיא צְוֵוייא יוּנְגֶע קִינְדֶער. —

אָבֶּער נִיט לַאנְג הָאט דִיא פַאר גֶענִיגֶענְד וָואס דִיא צְוֵוייא פַארְלִיעבְּטֶע הָאבִּין גִיהַאט זַייעֶנְדִיג אִין אֵיינֶעם גֶעדוֹיעֶרְט, זֵייא זַיינֶען גִיצַייטִיגְט גִיוֶועזִין זִיךְ פָּאר לֵייפִּיג צוּא שֵׁיידֶען, ארנהאלד

איז ענדליך גינייטיגט געוועזען פאר דיא פריפונגס קאמיסיאן פון גימנאזיום עקזאמען אפ צוא געבען, אונ צוא ווייזען זיינע קענטניסע אונ פייהיגקייטען וואס ער האט זיך ערוואָרבען, אין דיא גאנצע צייט וואס ער האט אלע זיעבען קלאסען קלאסען דורך געמאכט, דורך זיינע גרויסע ספּאָסאָבנאָסטין אונ דורך זיין שארפען שכל, האט ער בייא אללע לעהרערס פון גימנאזיום אויס גינומען זייער שטארק, אונ האט דיא עקזאמען אויס געהאלטען אויפין בעסטען גראד, אונ אלס דער אויבער דירעקטער פון גימנאזיום האט איהם פאר זיינע גרויסע פייהיגקייטען מיט אגילדערנע מעדאילע באשאנקען, האט ער איהם אדיפּלאם ארויס גיגעבין מיט ארעקאמענדירטען בריעף צום דירעקטאר פון אוניווערזיטעט פון פ. מען זאל איהם אין אוניווערזיטעט צוא נעמען ביז ער וועט זיין שטודיום ענדיגען אלס דאקטאר דער מעדעצין, עס איז ניט צוא באשרייבען דיא גרויס פרייד פון ארנהאלד׳ען אלס ער האט דיא בשורה פון אויבער דירעקטאר דער הערט, ער האט פון גרויס פרייד גאר ניט געוואוסט וואס צוא טאהן, מיט פיעל צו פריעדענהייט האט ער דעם גימנאזיום פאר לאזען אונ איז גלייך צוא זיין ליעבע אסתר׳ן גילאפען איהר מיט דעם פריילינען נאכריכט מיט צוא טהיילען, אסתר אונ איהר מוטער האבין איהם מיט גרויס פרייד עמפּפאנגען, זייא האבין אין זיין גרויסע שמחה אין אנטהייל גינומען, אונ אלס ער האט בייא זייא איניגע שטונדען אין לוסטבארקייטען פאר בראכט, נאכהער האט ער פון זייא אפּשייד גענומען אונ איז צו זיינע עלטערן גילאפען זייא אויך פון זיין גרויסען פרייד אונ גליק מיט צו טהיילען.—

אין איין מאנהייט ארום איז ארנהאלד אין פ. אפ גיפארען אונ איז גלייך אין אוניווערזיטעט אריין גיקוממען, ער האט זיך פלייסיג צום שטודיום גינומען אונ האט גרויסע פארשריטע גימאכט! —

יעצט טייערער לעזער וועסטוא שוין אליין פאר שטיין דאס ארנהאלד׳ס פאר ליעבטע אסתר איז דיא זעלביגע אסתר וואס דער גביר ר׳ טודרוס האט איר צו זיך אין הויז צו גענומען אלס איר מוטער

איז

אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען , וָואס זֵייא הָאבִּין אִיר צוּ גֶעדְרִיקְט . זִיא זָאל זֵייעֶר בֶּן יָחִיד נחומ׳ען פַאר אַמַאן נֶעמֶען . —



3.

אַלַאנְגֶע צַייט אִיז פַאר בַּייא גִינַאנְגֶען פוּן דֶעם טָאג אָן וָואס ר׳ טודרוס׳עם פְרוֹיא הָאט מִיט אסתר׳ן וֶועגִין אִיר גְלִיק אוּנ אוּמְגְלִיק גֶעשְׁפְּרָאכֶען , אָבֶּער דוּא זָאלְסְט נִיט מֵיינֶען לִיעבֶּער לֶעזֶער דָאס פוּן דֶעם מָאל אָן הָאט זִיא שׁוֹין מִיט אסתר׳ן וֶועגִין דֶעם נִיט גִירֶעט , נֵיין , טָאג טֶעגְלִיךְ פְלֶעגְט דִיא אוּמֶערְפַאהֶרֶענֶע פְרוֹיא בַּייא אִיר אַרוֹיף גֵיין אוּנ פְלֶעגְט אִיר הֶעכְסְט מְצַער זַיין אוּנ בַּאקִימֶערֶן מִיט אִירֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע אוּנ גֶעפֶעהְרְלִיכֶע רֵייד וָואס זִיא פְלֶעגְט אִיר פַארְשְׁטְרֶענְגֶען אַלְס זִיא פְלֶעגְט בַּייא דָאס אִיהְרִיגֶע בְּלַייבֶּען אוּנ וֶועט נחומען נִיט אִים לֶעבֶּען לִיעבִּען , טְרוֹיעֶרִיג , זֵייעֶר טְרוֹיעֶרִיג וַואר דִיא עֶלֶענְדֶע אסתר׳ס אִינְהַאלְט , אִין שְׁרֶעק אוּנ לֵיידֶענְשַׁאפְט אוּנ זָארְג אוּנ קִימֶּמֶער הָאט זִיא אִיר לֶעבִּין אִין אִיר פֶעטֶערְס הויז פַאר בְּרַאכְט , יֶעדָאךְ הָאבִּין אִיר אַלְלֶע אִירֶע צָרוֹת אוּנ פַּיין נִיט אַנְדֶערְשׁ גֶעמַאכְט , זִיא אִיז פֶעסְט בַּייא אִיר דֵעָה גֶעבְּלִיבֶּען זֵייא נִיט צוּא צוּ הֶערִין אוּנ זֵייעֶר זוהן נִיט צוּ נֶעמֶען פַאר אַמַאן , דִיא הָאפֶענוּנְג דָאס עֶס וֶועט אִיר נָאךְ אַמָאל גוּט זַיין , אוּנ דָאס עֶס וֶועט אַמָאל אַיין עֶנְדֶע פוּן אִירֶע צָרוֹת נֶעמֶען , דָאס הָאט אִיר שְׁטֶענְדִיג פוּן אִיר גְרוֹיסֶען קִימֶער גֶעטְרֵייסְט אוּנ פוּן אִירֶע לֵיידֶענְשַׁאפְטֶען עֶרְמִינְטֶערְט , זִיא הָאט אָן גֶעפַאנְגֶען פַאר שֵׁיידֶענֶע פְלֶענֶער צוּא זוּכֶען וִויא אַזוֹיא פוּן דִיעזֶע בַּארְבַּארִישֶׁע הֶענְט פְרַייא צוּא וֶוערִין אוּנ אוֹיף וָואס פַאר אַיין אוֹפָן אִיר בִּיטֶערֶען אִינְהַאלְט צוּא פַאר בֶּעסֶערֶען ! אָבֶער אַלְלֶע אִירֶע פְלֶענֶער אוּנ עֵצוֹת הָאבִּין אִיר פָארְלֵייפִיג קֵיינֶע הִילְפֶע גֶעבְּרַאכְט , זִיא אִיז גִינֵייטִיגְט גֶעוֶועזִין וַוייטֶער אִיהר לֶעבִּין אִין אַטְרוֹיעֶרִיגֶען צוּ שְׁטַאנְד צוּ פַאר בְּרֵיינְגֶען אוּנ צוּ הָאפֶען אוֹיף בֶּעסֶערֶע צַייטֶען .

ענדליך

ענדליך איז דיא אומגליקליכע אסתר אויף אוואהלען פלאן געפאלען! עס וואר אין איינע פינסטערע אונ העכסט טרויעריגע נאכט, אשרעקליכער ווינד האט געשטורעמט אונ אקאלטער רעגין האט אין דיא פענסטערס געשמארעט אונ שווערע שווארצע וואלקענס האבין דעם גאנצען הימעל פאר צויגען דיא גאנצע שטאדט וואר שוין לאנג אין אטיעפען שלאף פאר זונקען אונ קיין לעבענדיגער באשעפענים האט זיך אויפין גאס ניט גיזעהען, נאר אונזער עלענדע אסתר איז אויף גיוועזין, איר האט קיין שלאף גענומען, זיא וואר אין איר איינגען צימער וואס וואר אויפין צווייטען עטאז זייער שטארק באשעפטיגט; מיט אלאנגען מעססער האט זיא אלע אירע כחות אנגיווענדעט דיא אייזערנע גראטעס פון פענסטער אפ צו ברעכען אונ דעם לאדען אויף צוא עפענען, אונ אלס עס האט איר געלונגען מיט גרויס מיה אונ מאטערנעש דיזע שווערע ארבייט פאל צו ענדיגען האט זיא זיך גליך מיט גרויס צו פריעדענהייט צו איין אנדער ארבייט גענומען; זיא האט איינגע קליידער אויף לאנגע פאסען צו ריסען אונ האט עס צו געקניפט איינס אן דאס אנדערע ביז עס איז איין לאנגער פאס פון דעם גיווארן, נאך דעם האט זיא איין ברעג אן אזאוויעסע פון פענסטער אן געבונדען, אונ אלס זיא האט זיך גוט אן גיטאן אונ אן געוויקעלט האט זיא זיך מיט גרויס מיה אונ שרעק מיט דעם קליידער פאס אראפ געלאזען, נאהענט פון דער ערד האט איר דער פאס ניט גיקלעקט דען ער איז צוא קורץ גיוועזין איז זיא נייטיג גיוועזין אראפ צו פאלען, אלס זיא איז בענאהע אהאלבע שטונדע אן כחות אויף דער ערד גילעגען, האט זיא אירע לעצטע כחות גיפאסט אונ האט זיך אויף אירע פיס גישטעלט, „א! איך דאנק דיר ערבארעמדיגער גאט! האט זיא גיזאגט דיא הענט צום הימעל אויף הייבענדיג אלס זיא איז איין עטוואס צוא זיך גיקומען, אונ אלס זיא האט זיך ארום גיזעהען דאס זיא האט זיך פון איר איינגען אונ פאר שפארטען צימערל ערפרייט — יעצט וועל איך לויפען וואו מיינע אויגען וועלין מיר טראגען! א! יעצט בין איך גליקליך! יעצט

װעל אױך שױן מײן פּעטער מיט מײן מומען מער ניט אַנזעהן! איך װעל שױן מער ניט הערין זײערע שרעקליכע רײד װאס זײא פלעגין צו מיר רײדען! אַ! איך בין גליקליך!..." אונ דאס רײדענדיג האט זיא אַן גיפאַנגען צום טױער צוא לױפען, אָבער צום אומגליק האט זיא דעם טױער פעסט פערשלאָסען געפונען, זיא האט זיך צװאר ערשראָקען, אָבער דאך האט זיא נאך איר האָפנונג ניט פּאר לאָרען, זיא איז גלײך אױף נאך אַפלאַן גיפאַלען דעם װעלביגען קלײדער פּאס האט זיא אָן אַשטאַרקען האלץ אָן געבונדען אונ האט זיך דורך דעם איבערן פּאַרקאַן אַריבער געװינדעט, אַלס זיא איז שױן אױף דיא פרײע שטראַסע גישטאַנען האט זיא גלײך אָן גיהײבען מיט אַלע קרעפטען צו לױפען אין גרױס אַנגסט אונ שרעק, דען זיא האט מורא גיהאט מען זאל איר ניט נאָך יאָגען אונ אָפּ האַלטען, אײניגע שטונדען לאַנג איז דאס שװאַכעס מעדכען געלאָפען ביז זיא איז ענדליך אין װאַלד אַרײן געלאָפען, דאָרט צװישען געדיכטע װעלדלאַך איז זיא אָן כחות אַנידער געפאַלען אום זיך עטװאס אָפּ צו רוהין פון איר װײטע אונ שרעקליכע רײזע. —

יעצט ליבע לעזערס, לאָמיר דיא גליקליכע אַנטלאָפענע אסתר'ן לאָזין אין װאַלד זיצענדיג, אונ מיר װעלין זיך אױף אײניגע מינוטין אין ר' טודרוס'עס הױז קערין, אונ צוא ערװיסען װאס דאָרטין טוט זיך. —

בײא ר' טודריס'ן אין הױז איז לוסטיג אונ לעבענדיג, דער שרעקליכער װעטער אונ דיא טרױעריגע פינסטערע נאַכט האט אױף זײא קײן אַנדרוק גימאַכט, ר' טודרוס, זײן פרױא, זײן זוהן נחום אונ אײניגע גוטע פרײנד זײנען אין אַשײן גימעבלירטען זױבערין באַלױכטעטענעם צימער גיזעסין, אונ האָבין זיך װעגין פאַרשײדענע געשעפטין אונטערהאַלטין, אונ זײנען גיװעזן האָפנונגס פול דאס זײער גליק, זײער כבוד אונ גדולה װעט זיך גלײך אומקערין, אַלס זײא װעלין נאר אסתר'ן מנצח זײן, פּלעצליך האָבין זײא אַגרױסען קלאַפּ גיהערט

גיהערט (דער קלאפּ וואר פון דעם שווערין האלץ וואס אסתר האט אויף איהם דעם קליידער פאס אנגעצעפּעט אלס ער איז אויף דער ערד אראפּ גיפאלען), אונ אאומאויפהערליכען לארעם פון בילענדיגע הינט אין געהעפּט, ר׳ טודרוס מיט דיא גאנצע פאמיליע זיינען אין דרויסין ארוים געלאפין אום זיך צוא ערוויסען דיא אורזאך פון דעם גרויסען קלאפּ אונ פון די הינט בילעריא, אבער קיינער האט זיך ניט גיקענט ערקונדיגען וואס דאס זאל באדייטען, מען האט זיך שטארק דער-שראקען אונ מען האט גימיינט אז גנבים זיינען באפאלין. ר׳ טודרס וואר דער ערסטער וואס איהם איז אויפין זינען ארויף צוא גיין זעהן וואס עס טוט זיך אין אסתר׳ס צימער, אבער וויא ערשראקען אונ אינטערעסירט ער איז גיווארין אלס ער האט דעם צימער ליידיג גיפונען אין גרעסטין אומארדענונג, דער פענסטער אפען אונ דיא אייזערנע גראטעס אויפגעבראכען, „א! האט ער מיט גרויס שרעק אונ פאר-דרוס געשריען — א! פיר וואס איך האב אלץ מורא גיהאט איז מיר פּאסירט געקומען! א! אסתר איז אנטלאפען גיווארען! זיא האט זיך דורכען פענסטער אראפּ געלאזען, א! ווען זיא איז אנטלאפען גיווארן איז אויך מיין גאנצער גליק, מיין האפענונג אונ אלע פלענער מיט איר מיט גילאפען, א! איך בין אומגליקליך!...״ ער האט אגרויסען לארעם אונ אגיוואלד גימאכט, מען האט גלייך אוואגען גישפּאנט אונ מען האט איר אנגיהייבען יאגען אויף דיא וועג וואס ציהט זיך אין וואלד אריין. —



4.

דיא עלענדע אסתר האט זיך אויף גיחאפּט פון שלאף פון דעם גרויסען לארעם אונ געשרייא וואס עס האט זיך פלעצליך פון אירע נאכיאגערס גיהערט, דיא לאנטערנעס פייער וואס זייא האבין אין זייערע הענט גיהאלטען האבין אירע אויגען פאר בלענט, אונ זיא אין

איז כמעט פון שרעק אומגעקומען, זיא האט גוט גיהערט וויא אלע האבין זיך פאר שפרייט אין אלע זייטען פון וואלד און האבין איר גיזוכט, זיא האט גיהערט וויא טודרוס און זיין זון נחום האבין געשריען און איר גישאלטען און געזידעלט, „א! האבין זיי געשריען אז מיר וועלין איר נאר געפינען וועלין מיר שוין וויסען מיט איר וואס צוא טאן! זיא וועט שוין מער פון אונזערע הענט ניט אנטלויפען, זיא וועט שוין האבין איר פסק, אזוי זיינען זייא אומגילאפען וויא דיא ווילדע חיות אין אלע עקין און קאנטין פון וואלד מיט גרויס לארעם און געפילדער און האבין זייער רויב ניט געפונען . . . דיא ארעמע אסתר איז צווישען דיא וועלדלאך גילעגין ניט טויט ניט לעבענדיג פון גרויס שרעק און קומער, און האט יעדער מינוט גימיינט אז זייא האבין שוין איר אין זייערע הענט, אבער אלס עס איז ענדליך אין וואלד שטיל גיווארין, דען אלע זוכערס האבין זיך אומגיקערט צוריק, האט זיך דיא שוואכעס מיידעל אויף גיהייבען און האט אנגיפאנגען מיט אלע קרעפטין צוא בלאנדזשענען אין געדיכטע וואלד אן אוועג און אן אשטעג וויא אבלונדזשער שעפס. טאגענדיג איז זיא אומפארהאפט צוא אקליינע שטיבעלע צו געגאנגען, נעבין שטיבעלע האט זיא ערוואוסט אפויער וואגין שטייענדיג אנגיפאקט מיט שטרוי, זיא האט זיך אויפין וואגען ארויף גיזעצט, און האט איר שרעקליבען הונגער עטוואס געשטילט מיט דיא קערנער וואס זיא האט אין דיא שטרויא זאנגען גיפונען. זיא האט זיך אזוי אין דיא שטרוי פאר-באהרגען און פארשטעקט, דאס אפילו אלס דער פויער איז ארויס פון שטיבל און האט איינגעשפאנט דיא פערד, האט ער גאר ניט באמערקט און ניט גיזעהן דאס אפרעמדער מענש ליגט פון הינטען אין וואגען פארשטעקט אין דיא שטרויא, ער האט זיך פון פארענט אויפין וואגען גיזעצט, און איז אין שטאט אויפין מארק געפארין, פלעצליך האט מען דעם פויער אין וועג אפ גיהאלטען, אסתר ליגענ-דיג פארשטעקט אין דיא שטרויא, האט גלייך איר פעטערס קול דערקענט, ער האט דעם פויער גיפרעגט אויב ער האט ניט וואו

איונגעס

אַיוּנְגֶעס אִידֶעשֶׁעס מֵיידְכֶען גִיזֶעהְן , אוּנ דֶערְלַאנְגֶענְדִיג אִים אֵיינִיגֶע זִילְבֶּער מִינְצֶען הָאט עֶר אִים גִיבֶּעטִין אַז עֶר וֶועט וואוּ טְרֶעפִין אַזַא אוּנ אַזַא מֵיידְכֶען זָאל עֶר אִיר צוּא נֶעמֶען אוּנ זָאל אִיר צוּא אִים בְּרֵיינְגֶען . דֶער פוּיעֶר הָאט אִים עֶס פַארְשְׁפְּרָאכִין אוּנ אִיז זַיין וֶועגְס גֶעפָארִין . פַאר נַאכְט אִיז עֶר אִין שְׁטָאט גִיקוּמֶען , עֶר אִיז מִיט זַיין וָואגֶען שְׁטְרוֹיא אִין אַשְׁטַאדָאלֶע אַרַיין גֶעפָארִין וואוּ עֶס זַיינֶען דָארְטְן נָאךְ מֶער וֶועגִין מִיט שְׁטְרוֹיא אוּנ הָארְץ גֶעשְׁטַאנֶען , אוּנ אַלֶס דֶער פוּיעֶר אִיז אִין קְרֶעצְמֶע אַרַיין גִיגַאנְגֶען , הָאט אסתר דִיא בֶּעסְטֶע גִילֶעגֶענְהַייט גִיהַאט פוּן דִיא שְׁטְרוֹיא אַרוֹיס צוּא קְרִיכֶען אוּנ אִיז אוֹיךְ אִין קְרֶעצְמֶע אַרַיין גִיגַאנְגֶען , זִיא הָאט גִיבֶּעטִין מֶען זָאל אִיר גְלַייךְ אַבַּאזוּנְדֶערִין צִימֶער גֶעבִּין דֶען זִיא אִיז זֵייעֶר מִיד אוּנ ווִיל זִיךְ אוֹיס רוּהֶען , מֶען הָאט אִיר אִין אַבַּאזוּנְדֶערִין צִימֶער אוֹיף דִיא צְווֵייטֶע טְרֶעפּ אַרוֹיף גֶעפִירְט , זִיא הָאט טֵייא פַארְלַאנְגְט , אוּנ אַלֶעס אִיז גְלַייךְ גֶעשֶׁעהְן גִיוָוארִין . —

עֶס אִיז אסתרן זֵייעֶר לַאנְגְווַיילִיג גִיוָוארִין זִיצֶענְדִיג אֵיינְצֶעלְט אִין צִימְמֶער פוּן קְרֶעצְמֶע , אַלְס זִיא הָאט מִיט קֵיינֶעם נִיט גֶעהַאט אַוָוארְט אוֹיס .צוּא רֵיידֶען אוּנ זִיךְ אַיין עצה וֶועגִין אִיר צוּקוּנְפְט צוּ הַאלְטֶען , דִיא הַארְץ הָאט אִיר גִיזָאגְט אַז אִין דִיזֶע שְׁטָאט וֶועט זִיא נָאךְ פִיל צָרוֹת אוּנ לֵיידֶענְשַׁאפְטֶען עֶרְוַוארְטֶען אוּנ יֶעדֶער מִינוּט הָאט זִיךְ אִיר אַלְץ גֶעדוּכְט אַז זִיא הֶערְט טודרוסעס קוֹל ווִיא עֶר זוּכְט אִיר, אִירֶע גִידַאנְקֶען הָאבִּין אִיר ווִירְקְלִיךְ נִיט גִינַארְט אִיר פְּרָאפֶע-צַייהוּנְג (נביאות) זַיינֶער ווִירְקְלִיךְ מְקוּיָם גִיוָוארֶען ווִיא מִיר וֶועלִין דָא עֶרְצֵיילֶען , אַלְס עֶס אִיז אִיר זֵייעֶר לַאנְגְווַיילִיג גִיוָוארֶען , הָאט זִיא גִיבֶּעטֶען מֶען זָאל אִיר אַדְרָאנְסְקֶע שַׁאפֶען דֶען זִיא ווִיל אוֹיפֶען וַואגְזַאל פָארֶען עֶס וַואר גְלַייךְ אִיר וואוּנְס עֶרְפִיהלְט ,. אוּנ אַלְס זִיא הָאט זִיךְ אִין דְרָאנְסְקֶע גֶעזֶעצְט , הָאט זִיא בַּאמֶערְקְט ווִיא אַיין אוּמְ-בֶּעקַאנְטֶער מֶענְטְשׁ גֵייט אַרוּם דְרָאנְסְקֶע אוּנ בַּאטְרַאכְט אִיר פוּן קָאפּ בִּיז דִיא פִּיס, עֶס אִיז אִיר גְלַייךְ אִין זִינֶען אַרַיין גִיקוּמֶען צוּא אִיז

ניט פִילַייכְט דִיזֶער מֶענְטְש גֶעשִׁיקְט גִיוָוארֶען פוּן טודרוסין אִיר אוֹיס צוּא שְׁפִּיעֶגְעווֶען, אָבֶּער דֶער קוּטְשֶׁער הָאט נִיט לַאנְג גִיוַוארְט אוּנ אִיז מִיט אִיר אַוֶועק גֶעפָארֶען, אָבֶּער אִין אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען אַרוּם הָאט זִיךְ דִיא דְרָאנְסְקֶע אִין מִיטֶען גַאס אָפּ גִישְׁטֶעלְט, דֶער זֶעלְבִּיגֶער אוּמְבֶּעקַאנְטֶער מֶענְטְשׁ אִיז וַוייטֶער צוּא אִיר צוּא גִיגַאנְגֶען, אוּנ אַלְס עֶר הָאט דֶעם קוּטְשֶׁער אֵיינִיגֶע וֶוערְטֶער אִין אוֹיעֶר גִיזָאגְט הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפֶען דְרָאנְסְקֶע אַרוֹיף גֶעהַאפְּט, אוּנ זֶעצֶענְדִיג זִיךְ אוֹיפֶען קָאזְלֶע נֶעבִּין קוּטְשֶׁער זַיינֶען זֵייא אַלֶע וַוייטֶער גֶעפְאהְרֶען, דִיא קְלוּגֶע אסתר הָאט דָאס אַלֶעס בַּאמֶערְקְט אוּנ בַּארֶעכִינְט דָאס דִיזֶער מֶענְטְשׁ טְרַאכְט אִיר בֵּייזֶעס צוּא טָאהן אַלְזָא הָאט זִיא בַּאשְׁלָאסֶען פוּן דִיזֶען אוּמְגְלִיק זִיךְ אוֹיךְ צוּא פַּאר הִיטֶען, אוּנ וֶועהרֶענְד דִיא דְרָאנְסְקֶע הָאט זִיךְ עֶטְווָאס אָפּ גֶעשְׁטֶעלְט, הָאט זִיא זֵייעֶר לַאנְגְזַאם דִיא טִירִיל גִיעֶפֶענְט אוּנ אִיז פוּן הִינְטֶען אַרוֹיס גִישְׁפְּרוּנְגֶען, צוּא אִיר גְרוֹיסֶען פְרֵייד הָאבִּין זֵייא גָאר קֵיינֶע אוֹיף מֶערְקְזַאם גֶעמַאכְט וָואס עֶס טוּט זִיךְ פוּן הִינְטֶען אִין דְרָאנְסְקֶע, אוּנ זַיינֶען גְלַייךְ וַוייטֶער גֶעפָאהרֶען, אסתר הָאט גְלַייךְ אַיין אַנְדֶער דְרָאנְסְקֶע גֶעהַאפְּט אוּנ אִיז צוּם וַואגְזַאל גֶעפָארֶען. אַלְס זִיא הָאט בִּיז פַאר נַאכְט אוֹיפִין וַואגְזַאל פַּאר בְּרַאכְט, אִיז זִיא צוּרִיק אִין שְׁטָאדְט אַרַיין אוּנ הָאט אַיין אַנְדֶער טְרַאקְטִיר גֶעזוּכְט, אָבֶּער קוֹים אִיז זִיא דִי צְוֵוייטֶע גַאס דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען הָאט זִיא אַנְטְקֶעגִין אִיר טודרוסין גִיזֶעהֶען גֵייעֶנְדִיג, מֶען קֶען זִיךְ פָּארְשְׁטֶעלֶען דִיא גְרוֹיסֶע שְׁרֶעק וָואס דִיא אָרֶעמֶע מֶעדְכֶען הָאט גִיהַאט פוּן דִיזֶען אוּמְפַארְהָאפְטֶען טְרֶעפוּנְג, זִיא הָאט זִיךְ גְלַייךְ אוּמְגִיקֶערְט אוּנ הָאט אָנְגִיפַאנְגֶען צוּא לוֹיפֶען, אָבֶּער עֶר אִיז אִיר נָאךְ גִילָאפֶען, זִיא אִיז אַזוֹ לַאנְג גִילָאפֶען בִּיז זִיא אִיז עֶנְדְלִיךְ פוּן גְרוֹיס שְׁרֶעק אוּנ מִידִיגְקַייט אוֹיף דֶער עֶרְד גִיפַאהלֶען, עֶר הָאט אִיר פַאֹרִין קַארְק מִיט זַיינֶע צְווַאנְגֶען הֶענְט גִיפַּאסְט אוּנ אוֹיפְהֵייבֶּענְדִיג אִיר פוּן דֶער עֶרְד הָאט עֶר צוּא אִיר מִיט אַדוּנֶער שְׁטִים גֶעזָאגְט, „אַהַא! דוּא נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶע! אִיךְ הָאבּ דִיר גִיהַאפְּט! דוּא וֶועסְט שׁוֹין פוּן מַיינֶע הֶענְט מֶער נִיט לוֹיז קוּמֶמֶען!" —

„לָאז אַוֶועק דָאס אוּמְשׁוּלְדִיגֶע מֶעדְכֶען !“ הָאט זִיךְ פְּלֶעצְלִיךְ אַיין אוּמְבֶּעקַאנְטֶע שְׁטִימֶמע פוּן הִינְטֶען גִיהֶערְט , אַלְס טודרוס הָאט אסתרן פַאר דִיא הָאר גִינוּמֶען אוּנ הָאט אִיר אוּמְעֶרְבַּארֶעמְלִיךְ דוּרְכִין גַאס גֶעשְׁלֶעפְּט — גְלַייךְ זָאלְסְטוּ מֶערְדֶער דָאס מֶעדְכֶען לוֹיז לַאסֶען אוּנ וֶוען דוּא וֶועסְט זִיךְ לַאנְג לָאזֶען בֶּעטֶען וֶועל אִיךְ דִיר וַוייזֶען וָואס אִיךְ קֶען אוּנ וֶוער אִיךְ בִּין .

„וֶוער בִּינְסְטוּ פַאר אַיינֶער וָואס דוּא עֶרְלוֹיבְּסְט זִיךְ מִיר אַזוֹ הַארְט אוּנ שְׁטְרַיינְג צוּא בַּאפֶעהלֶען , הָאט זִיךְ טודרוס אָפּ גִירוּפִין מִיט גְרוֹיס שְׁטָאלְץ , צוּא וַוייסְטוּ דַאן נִיט אַז אִיךְ בִּין דֶער גְבִיר טודרוס פוּן ב. אוּנ דִיזֶעס מֶעדְכֶען , אִיז מַיין וַוייבְּס שְׁוֶועסְטֶערְס אַטָאכְטֶער , יֶעצְט בִּין אִיךְ אוֹיף אִיר דֶער פָאטֶער נָאךְ אִירֶע עֶלְטֶערִינְס טוֹיט , אִיךְ הַאלְט אִיר בַּייא זִיךְ אוּנ מַיין וַוייבּ לִיבְּט אִיר וִויא אַיין אֵייגֶענֶע טָאכְטֶער , אָבֶּער זִיא אִיז לֵיידֶער אוֹיס גִילַאסֶען , אוּנ אִיז פוּן אוּנְזֶער הוֹיז אִין מִיטֶען נַאכְט אַוֶועק גִילָאפֶען !“ —

„שְׁוַוייג דוּא טִירַאן“. הָאט דֶער אוּמְבֶּעקַאנְטֶער וַוייטֶער אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן — זָאלְסְט זִיךְ נִיט אוּנְטֶער שְׁטֵייעֶן מֶער אַזֶעלְכֶע רֵייד אוֹיף דָאס אוּם שׁוּלְדִיגֶעס מֶעדְכֶען צוּא רֵיידֶען ! זָאלְסְט אִיר גְלַייךְ אַוֶועק לָאזֶען !“ אוּנ דָאס רֵיידֶענְדִיג אִיז עֶר צוּא טודרוסין צוּא גִילָאפִין אוּנ הָאט אִים צְוֵוייא גְרַייליכֶע פְּרֶעסְק אִין בַּאק גִיגֶעבִּין , „יֶעצְט רֶעבִּין אִיךְ , הָאט עֶר וַוייטֶער גֶעשְׁרִיעֶן מִיט גְרוֹיס כַּעַס — יֶעצְט וֶועסְט דוּא שׁוֹין וִויסֶען מִיט וֶועמֶען דוּא הָאסְט דָא צוּא טָאהן ! דוּא קֶענְסְט זִיךְ שׁוֹין גוּט אִיבֶּער צַייגֶען אַז אִיךְ בִּין פִּיל שְׁטַארְקֶער פַאר דִיר ! עֶר הָאט דִיא אָרֶעמֶע אסתרן פוּן זַיינֶע הֶענְט אַרוֹיס גֶערִיסֶען אוּנ הָאט אִיר פוּן אִים אַוֶועק גֶעפִּיהְרְט .

„זַייא רוּהִיג דוּא אָרֶעמֶעס אוּנ אוּם שׁוּלְדִיגֶעס מֶעדְכֶען , הָאט דֶער פְרֶעמְדֶער צוּא אִיר גֶעזָאגְט אַלְס זֵייא זַיינֶען בֵּיידֶע אִין אַיין אַנְדֶער גַאס אַרַיין , קֶענְסְטוּ זִיכֶער זַיין אַז אִיךְ וֶועל דִיר הִיטֶען

עס

עס זאל דיר מער קיין אומגליק טרעפין, גאט האט מיר געשיקט דיר פון דעם מערדערס הענט צוא ראטירען!"... ענדליך איז ער מיט איר צוא אקליינע שטיביל צוא גיגאנגען, ער האט אן גיקלונגען, מען האט אים גליך גיעפינט דיא טיר אונ מען האט אים זייער פריינדליך אן גענומען. —



5

אהנע צווייפעל וועט דער קלוגער לעזער גליך פאר שטיין דאס דער אום באקאנטער יונגער מאן וואס איז אום פאר האפט געקומען דיא ארעמע אסתרן פון דיא טיראנישע הענט ראטירען, וואר ניט קיין אנדערער וויא אהרענהאלד אסתר'ס אלטער געליבטער, אבער אסתר פון גרויס שרעק אונ פלעצליכע איבער ראשונג האט גאר ניט באטראכט אז זיא גייט יעצט מיט איר הערצענס געליבטען ארענהאלדען וואס איר גאנצער האפפענונג אונ גליק אין צוקונפט וואר נאר אן אים אפהייננגיג. אבער אלס זייא זיינען אין שטוב אריין אונ אלס זיא איז עטוואס צוא זיך געקומען, האט זיא צוא איר גרויס פרייד אונ פאר וואונדערונג גליך ער וויסט איר ליבען ארענהאלדען לעבין איר זיצענדיג. זיא איז אים גליך אין די ארעמס געפאלען, אונ ארוים שיסענדיג מיט אשרעקליכען גיוויין איז זיא אין חלשת געבליבען.

יעצט ליבע לעזערס, איז שוין צייט איך עטוואס פון אהרענ-האלדען מיט צוא טהיילען, אונ איך צוא ער ציילען וואס עס האט מיט אים פאסירט פון דעם טאג אן וואס ער איז קיין פ. אפ געפאהרען: אלס ער איז אין דיא גרויסע אונ וועלט באריטמטע קייזער שטאדט פ. גיקומען, האט זיך אים אנייע וועלט גיעפינט, ער האט באטראכט דעם גרויסען פראכט, דעם גרויסען גלאנץ פון דיזע שטאדט, דעם פרידליכען אונ גרויס ארטיגען לעבין פון איהרע

איין

אין וואהנער, דעם גרויסען פאר געניגענד אונ לוסט באררקייטען פון דיא אריסטאקראטען אונ אדעל, אבער דיזעס אלעס האט אויף אים אקליינעס איינדרוק געמאכט, ער האט קיין אנטהייל אונ קיין פוסטע געזעלשאפט ניט גענומען אונ האט קיין קערפערליכען פאר געניגענד גענאסען, אהרענהאלד איז שטענדיג גאנץ איינזאם אין זיין פרעכטיגען צימער געזעסין אונ האט זיך מיט גרויס צופרידענהייט מיט דיא טויטע ביכער, מיט דיא טרוקענע צייטונגס בלעטער אונ מיט זיין פעדער באשעפטיגט, אז ער וואר אין לעזען אדער אין שרייבען פאר טיפט, האט ער אן דיא גאנצע וועלט פארגעסין, עס האט אים קיין זאך ניט געקימערט אונ האט ווייניג וואס וועגין זיין צוא קונפט געזארגט, ער איז נאר גיוועזען מיט לייב אונ מיט לעבין אין זיין שטודיום גיוועזין אריין גיטאן, אום יעדער טאג זיינע לעקציאנען אונ אויפגאבען פאר דיא פראפעסארען פון אוניווערזיטעט פאר צוא לעזען. טאג טעגליך האט ער גרויסע פארשריטע אין זיין שטודיום געמאכט ביז ער האט ענדליך זיך ציל ערדייכט צוא וואס ער האט זיך אין זיין גאנצען שטודיום געצעלט, אונטער דעססען האט ער אן זיינע עלטערין פאר געסין, אויך זיין גרויסער ליבשאפט צוא אסתרן איז פיל קילער גיווארין. אונ האט כמעט אן איר אויך פאר געסין, דאס אפילו אויף דיא פיל בריף וואס זיא האט אונטער דעססען צוא אים געשריבען האט ער איר קיין אנטווארט ניט גיגעבין, אסתר וואר העכסט באקימערט אונ באזארגט איבער דעם לאנגען שטיל שווייגען, יעדאך האט זיא אירע האפענונג ניט פאר לאזען אונ וואר זיכער דאס איר הערצענס געליבטער ארענהאלד וועט זיך דאך אן איר ניט פאר געסען ער וועט זיך דאך נאך אמאל אן איר ערינערען! — זיא וואר זיכער מיט זייער פעסטע אונ הייסע ליבע וואס האט גיעקסעסטירט צווישען זייא דאס כל זמן ארענהאלד וועט לעבין וועט ער זיך אויף קיין ארט אונ ווייזע אן איר ניט פאר געסין, טאג טעגליך האט זיא גיהאפט אונ גיווארט מיט איר ארענהאלדען זיך ווידער צוא זעהען אונ איר

צוקונפט

צוקונפְט דורך אִים פַאר בֶּעסֶערֶען, זִיא הָאט גִיהָאפְט אוּנ אִיר הָאפֶענוּנג אִיז עֶנְדְלִיך ווירְקְלִיך עֶרְפִיהְלְט גִיוָארֶען! —



.6

ר׳ טודרוס אַלְס עֶר הָאט אַיין גִיזֶעהֶען נָאך זַיין גְרויסֶע מַפָּלָה וָואס עֶר הָאט גִיהַאט פוּן ארענהאלדען, אַז אַלֶע זַיינֶע מִיה אוּנ מַאטֶערְנֶעס אסתרן צוּרִיק אִין זַיינֶע הֶענְט צוּא קְרִיגֶען זַיינֶען גַאנְץ אוּמְזוּנְסְט, הָאט עֶר זִיך אוּם גִיקֶערְט מִיט אַצוּבְרָאכֶענֶעם הַארְצִין צוּא הויז, עֶר וַואר דוּרך דֶעם הֶעכְסְט בַּאזָארְגְט אוּנ בַּאקִימֶערְט אוּנ הָאט זִיך קַיין עצה נִיט גִיקֶענְט גֶעבִּין וִויא אסתרן וַוייטֶער אִין זַיין נֶעטְץ צוּא חַאפֶּען. —

דִיא אַיידֶעלֶע אוּנ שַׁיינֶע אסתר אַלְס זִיא הָאט זִיך עֶרמוּנְטֶערְט אוּנ אִיז צוּא זִיך גֶעקוּמֶען, אַלְס זִיא הָאט אַיינְגִיזֶעהֶען דָאס זִיא דַארְף זִיך שׁוין מֶער פַאר אִיר פֶּעטֶער נִיט שְׁרֶעקֶען, אוּנ אִיר גֶעלִיבְּטֶער ארענהאלד שְׁטֵייט אִיר בַּייא יֶעדֶער צַייט פוּן אַלֶע אִירֶע אוּמְגְלִיקֶען צוּא רַאטִירֶען, הָאט זִיא אוֹיף גִיהֶערְט צוּא זָארְגֶען אוּנ זִיך צוּא בַּאקִימֶערִין, זִיא הָאט זִיך אוּנְטֶער הַאלְטֶען מִיט אִיר טַייעֶרִין ארענהאלדען אוּנ הָאט זִיך דִיא גְלִיקְלִיכְסְטֶע גֶעשֶׁעצְט, אוֹיך עֶר הָאט אִיר גוּט אִיבֶּער צַייגְט דָאס עֶר לִיבְּט אִיר גְרוּנְדְלִיך פוּן זַיין הֶערְצִין אוּנ הָאט אִיר דִיא הַאנְט גִיגֶעבִּין אַז עֶר וֶועט אִיר קַיין מָאל נִיט פַארְלָאזֶען. —

עֶס וַואר אִין אַיין שַׁיינֶעם זָאמֶער אָווֶענְד, דִיא זָאהנֶע הָאט אִירֶע לֶעצְטֶע גְלִיהֶענְדֶע שְׁטְרַאלֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט גִיוָוארְפֶען, אוּנ דֶער אָבֶענְד שַׁאטֶען הָאט זִיך אַלְץ מֶערֶער פַארְשְׁפְּרֵייט, דִיא שַׁיינֶע אסתר אִיז אִין אִיר גֶעלִיבְּטֶען ארענהאלדס אָרֶעמְס גִיזֶעסֶען, אוּנ הָאבִּין זִיך אוּנְטֶער הַאלְטֶען מִיט פְרֵיילִיכֶע אוּנ הָאפֶענוּנְגֶם פָאלֶע רֵייד פוּן זֵייעֶר קוּמֶענְדִיגֶען לֶעבִּין פוּן זֵייעֶר פָאלְגֶענְדֶען גְלִיק!

אוּנ

און פון זייער מַזָל (שיקזאל), פְּלֶעצְלִיך הָאט זִיךְ דִיא טִיר גִיעֶפִינְט און דֶער פָּאלִיצֵיימַייסְטֶער אִיז אַרַיין אִין שְׁטוּבּ.

„וואו אִיז דָאס מֶעדְכֶען אסתר פון דֶער שְׁטָאדְט ב.? הָאט דֶער פָּאלִיצֵיימַייסְטֶער גִיפְרֶעגְט דִיא מֶענְטְשִׁין פון שְׁטוּבּ וָואס זֵייא זַיינֶען הֶעכְסְט אִינְטְרֶעסִירְט אונ עֶרְשְׁרָאקִין גִיוָוארִין פון זַיין אום פַאר הָאפְטֶען בַּאזוּךְ. —

הֶערֶענְדִיג דִיזֶע רֵייד, הָאט זִיךְ אסתר אויף גִיהֵייבִּין פון שְׁטוּל, אונ צוּא גֵייעֶנְדִיג צוּם פָּאלִיצֵיימַייסְטֶער הָאט זִיא צוּא אִים גִיזָאגְט: «אִיךְ בִּין דָאס מֶעדְכֶען אויף וֶועמֶען דֶער הֶער פְרֶעגְט".

„דַיין אֶנְקֶעל טודרוס פון דֶער שְׁטָאדט א. אִיז הִיר אִין קֵייטִין גִיבְּרַאכְט גִיוָוארֶען וַוייל עֶר הָאט גֶענוּמֶען פון דָאס גֶעלְט וָואס מֶען הָאט צוּא גֶעשִׁיקְט פִיר דִיר פון ב. וָואס אִיז דִיר בִּירוּשָׁה פון דַיינֶע עֶלְטֶערִין גֶעבְּלִיבִּין, עֶר הָאט עֶרְקְלֶערְט אַז דוּא בִּיסְט לַאנְג גִישְׁטָארְבִּין אונ קַיין אַנְדֶער יוֹרֵשׁ זוּנְדֶער אִים אִיז נִיט גֶעבְּלִיבִּין, אַלֶעס פָּאלִיצֵייא הָאט עֶס אוּנְטֶער זוּכְט אונ הָאט זִיךְ אִיבֶּער צֵייגְט דָאס עֶס אִיז לִיגֶען אונ דָאס דוּא לֶעבְּסְט הָאט מֶען אִים אִין קֵייטִין גֶעשְׁלָאסֶען אונ אַהֶער גִיבְּרַאכְט אום אִים צוּא פַאר מִשְׁפְּטִין, אַלְזָא פָאדֶערְט פָּאלִיצֵייא דָאס דוּא זָאלְסְט מָארְגִין צוּם גֶערִיכְט קוּמֶען אום דַיין יְרוּשָׁה אָפּ צוּא נֶעמֶען אונ אָן דַיין פַאר־פָאלְגֶער רַאכֶע (נקמה) צוּא נֶעמֶען! —

דֶער פָּאלִיצֵיימַייסְטֶער אִיז אַרוֹיס, אונ אסתר מִיט ארענהאלדען זַיינֶען וִויא גִילֵיימְטֶע פון דִיזֶע נַאכְרִיכְט שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען, נָאר גַאנְץ גִיךְ זַיינֶען זֵייא צוּא רִיק צוּא זִיךְ גֶעקוּמֶען, זֵייא הָאבִּין זִיךְ צְוַואר גֶעפְרֵייט מִיט דִיא בְּשׂוּרָה אונ הָאבִּין זִיךְ אִיבֶּער צַייגְט וִויא גָאט בַּאצָאלְט דֶעם שְׁלֶעכְטִין מֶענְטְשִׁין נָאךְ זַיין פַאר דִינְסְט נָאךְ, יֶעדָאךְ הָאט דָאס אסתרן עֶטְוָואס פַאר דְרָאסֶען דָאס אִיר פֶעטֶער זָאל אויף אֵייבִּיג פַאר פַאלִין זַיין.

אויף

אויף מָארְגֶען אִיז ארענהאלד מִיט אסתרין אויף דֶער פָּאלִיצֵייא גִינַאנְגֶען, זִיא הָאט עֶרְוואוּסְט אִיר פֶּעטֶער אִין שְׁוֶוערֶע קֵייטֶען גֶעשְׁמִידְט דִיא הֶענְט אוּנ דִיא פִּיס אוּנ אויף דֶער עֶרְד לִיגֶענְדִיג, מֶען הָאט אִיר דִיא גַאנְצֶע יְרוּשָׁה אָפּ גִיגֶעבִּין וֶועלְכֶע עֶס אִיז פוּן אִירֶע זֶעלִיגֶע עֶלְטֶערִין גֶעבְּלִיבֶּען, דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער טודרוס הָאט מִיט טְרֶערִין אִין דִיא אויגֶען אוּנ מִיט אַשְׁרֶעקְלִיכֶען יָאמֶער שְׁטִים אסתרין אוּם עֶנְטְשׁוּלְדִיגוּנְג גִיבֶּעטִין, אוּנ הָאט אִיר גִיבֶּעטִין זִיא זָאל אִים פְּרַייא שְׁפְּרֶעכֶען, דִיא אֵיידֶעלֶע גוּטֶע אסתר הָאט זִיךְ אַגְרוֹיסֶע סוּמֶמע גֶעלְט גִילָאזְט קָאסְטֶען אוּנ מֶען הָאט אִים לויז גִילָאזֶען.

אִין פֶּערְלוֹיף פוּן אַקוּרְצֶע צַייט נָאךְ דִיזֶע אַלֶע עֶרְאֵייגְנִיסֶע, וַואר ארענהאלדס אוּנ אסתרס התונה אִין ב. מִיט גְרוֹיס פַּארַאד אוּנ פְּרַאכְט גִיפַייעֶרְט, אסתר הָאט אָן אִירֶע אַלֶע צָרוֹת פַּרְגֶעסִין, אוּנ הָאט מִיט ארענהאלדען אַפְּרִידְלִיכִין לֶעבִּין פַּאר בְּרַאכְט! —

ע נ ד ע



